# קינדער־שאַפונג

רעדאַקציע אונ פאָרוואָרט
פֿונ ל. קוויטקאָ אונ אי. גרינזייַד

קינדער־פארלאָג
1935

די שאפונגען פון דער זאמלונג זיינען
צונויפגעזאמלט געווארן מיט דער אקטיווער
מיטהילף פון ה. קויפמאן און מ. גאלובשטיין

רעדאקטר — אי. גרינזײַד.
צייכענונגען פון — ב. קרוקאוו
טעכאנפירער — אי. שישקא
קארעקטער — ל. הילער.

Надруковано з матриць виготовлених в друкарні ім. Фрунзе, м. Харків.

Одобліт № 1035 Уповнов. Головліту № 3046. Замовл. № 79. Тираж 2000. Підписано до друку 18-IV 35, 4½ друк. арк. Формат паперу 82x110 1/32.

Друкарня ім. Леніна, Одеса, Пушкінська, 18.

# פאָרוואָרט

ליזשעס מײַנע ליזשעס,
ווער הערט זי דען, די קעלט!
ליזשעס מײַנע ליזשעס,
פירט מיך אין דער וועלט!

ס'איז מײַן וועלט א ברייטע,
נאָך ברייטער וועט זי זײַן,
איך וועל צוגאַסט נאָך קומען
אין רויטער שטאָט שאַנכײַ!

מיט בערלינער קינדער,
מיט א „קימ״ אין לאַנד —
כ'וועל זיך נאָך א גליטש טאָן
אָפּן רויטן וועדינג־פּלאַץ!

אזוי זינגט דער יונגער דאָר סאָוועטישע קינדער וועגן ליכטיקן הײַנט און ליכטיקן מאָרגן. אזוי זינגט דער דאָר, וואס איז זיכער, אז די גאנצע וועלט וועט אים געהערן—„ס'איז מײַן וועלט א ברייטע, נאָך ברייטער וועט זי זײַן״.

אזא דאָר, אזא געזאנג, אזא צעבלי פון טאַלאַנטן איז מעגלעך נאָר אין אונדזער וווּנדערלעכן היימלאנד, ווו די פײַנט פון די ארבעטנדיקע

זיינען צעשמעטערט, ווו עס וואַקסט שוין פאַר אונדזערע אויגן די פּרעכ־טיקע געבײַדע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

צי קענען זיך אַזוי פאַרגינען צו זינגען די קינדער פון יענער זײַט רויטע גרענעצן?—ניין. פאַרקלעמט פון הונגער, נויט, פון פאַשיסטישן טעראָר, וואַקסן זיי אויס קינדער אָן א קינדהייט, פון קליינערהייט געבויגן אונטערן יאָך פון זאָרג, נויט, ארבעטלאָזיקייט, וואס זיינען אויסגעפאַלן אפן גורל פון זייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער.

אָט גיט איבער דער רעוואָליוציאָנערער דיכטער אין פּוילן, מוישע שולשטיין, אין זיין גלענצנדיקער ליד „דער טאַטע שטרײַקט" די לאַגע פון די ארבעטער־קינדער.

— נו, קינדער, שטיל זאָל זיין, נו, קינדער, שווײַגט—
זאָגט א מאַמע בייז, זאָגט א מאַמע גיך,—
נו, קינדער, שטיל, דער טאַטע שטרײַקט,
און אַז דער טאַטע שטרײַקט—
שטרײַקן אויך די טעפּלעך אפּ דער קיך...

שלאָפט מען—און מיט הונגער אונטער קאָפּ,
אונטער קאָפּ געלייגט,
אונטער קאָפּ און האַנט...
— אוי, מאַמע, ס'פינצטער, פינצטער, ווי ב'א טאָפּ.
— נו, קינדער, שטיל, דער טאַטע שטרײַקט.
און אַז דער טאַטע שטרײַקט—
שטרײַקט באַנאַכט דאס לעמפּל אפּ דער וואַנט...

אָבער די נויט און דער טעראָר—פון איין זײַט, און דער בײַשפּיל פונעם גרויסן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס שײַנט, ווי א לײַכט־טורעם און ווײַזט א וועג די אונטערדריקטע פון גאַר דער וועלט, מאַכן האַרט, ווי שטאָל, דעם ווילן פון דעם יונגן ארבעטער־דאָר, בא וועמען עס שטרײַקן

די טאַטעס און צוזאַמען מיט די טאַטעס—די טעפלעכ אינ קיכ. עס רופט זיי צומ קאַמפ פאַר דער כאָוועטנ־מאַכט, צומ קאַמפ פאַר אזא אָרדענונג, וואס וועט א סאָפ מאַכנ צו די פאַראַזיטנ אָפנ לייַב פונ דער מענטשהייט און שאַפנ די שענסטע באַדינגונגען פאַר דער פרייַער אנטוויקלונג פונ די גרויסע שעפערישע קויכעס, וואס זיינען פארבאָרגנ אינ די מיליאָנען ארבעטנדיקע.

איז דענ ניט אָט די קליינע זאַמלונג „קינדער־שאַפונג", וואס מיר וועגדנ אפ איר די אופמערקזאַמקייט פונ לייענער, און אנדערע ענלעכע זאַמלונגען אינ רוסיש און אינ אוקראַיניש, צי איז דאס ניט איינער פונ די בעסטע באַווייַזנ, ווי פילפאַרביק רייַכ עס צעוואַקסנ זיכ די יונגע קויכעס, די פרישע קויכעס אָפנ זאַפטיק־פרוכטבאַרנ באָדנ פונ אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקייט!?

צי ווערט דענ ניט אינ אָט דער קליינינקער זאַמלונג, ווי אינ א טראָפנ פונ יאַמ, אָפגעשפיגלט די פילאַרטיקע וועלט פונ געפילנ און געדאַנקענ, מיט וועלכע עס אָטעמט אונדזער קינדערשאפט?—זיי האָסנ דאס אַלטע און די רעשטלעכ פונעמ צעקלאַפטנ פייַנט, זיי ליבנ דאס נייַע סאָציאליסטישע לעבנ, וואס איז אופגעגאנ אפ די ברייטע ראַכוועסנ פונ לאַנד, די זאַוואָדנ און קאָלווירטנ, די שול, ווו זיי לערנען זיכ, און די רויטע ארמיי, וואס באַשיצט דאס אלצ; זיי ליבנ אומבאגרענעצט דאס סאָוועטנלאַנד—זייער היימלאנד, וואס גיט די צענדליקער מיליאָנען קינדער די ברייטע מעגלעכקייט צו וואקסנ, לערנען זיכ, אנטוויקלען זייערע פייִקייטנ, טאַלאַנטנ און דערציט פונ זיי צוקונפטיקע קעמפערס, וואס וועלנ, ווענ דאס לאַנד וועט א רופ טאָנ, מיט ליבע פאַרטיידיקנ זייער פאָטערלאנד פונ יעדער מינ אָנפאַל; און איינצייַטיק פאָרנ זיי, די קינדער, אפ ליזשעס פרייענ זיכ פונ פולנ האַרצנ מיטנ ערשטנ שניי, מיט די פרילינגדיקע טעג, פארווייַלנ און שפילנ זיכ, ארומגערינגלט מיט דער גרעסטער ליבשאפט און זאָרגעוודיקייט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי און איר פירער כ׳ סטאַלינ.

די זאַמלונג „קינדער־שאַפונג" איז א צייַגער פונ אונדזער אלגעמיינעמ

גרויסן וווּקס, ס'איז א ציַיגער און אַן אָנזאָג אַף די וווּנדערלעכע יונגע דוירעס, וואָס וואַקסן בא אונדז אונטער. די זאַמלונג איז איינציַיטיק, אַן שום סאָפעק, א באַווייַז פון דעם, ווי אזוי ס'אַנטוויקלט זיך דערפאָלגרייַך די ייִדישע סאָוועטישע קולטור. איז דען ניט אָט די קלײנינקע זאַמלונג דער בעסטער ענטפער יענע נאַציאָנאַליסטישע קלאָג־מוטערס, וואָס, זייַענדיק אָפּגעריסן פונעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישן שטראָם פון לעבן, פרוּוון זיי זייער אומבאַהאָלפנקייט „באַגרינדן" מיט „טעאָריעס", אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך ניט און האַט ניט קיין באָדן אונטער זיך, אַז מע לייענט זי ניט א. אַז"וו. מיר מיינען, אַז אַלע אַן אויסנאַם שרייבער, ווען זיי וועלן איבערלייענען אָט די קלײנינקע זאַמלונג, וועלן זיי זיך כאָטש אַף א רגע פאַרטראַכטן: שרייַבן פאַר אַזא דאָר פייִקע, אַנטוויקלטע קינדער, איז א גרויסע ערע, און נאָך א גרעסערע דאַרפן מען פילן פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

וואָס געהער די יונגע אַוטערס פון אָט דער זאַמלונג און די גרויסע צאָל אַנדערע פייִקע כעוורע, וואָס זייערע שאַפונגען זיינען ניט אַרייַן אין דער זאַמלונג, דאַרפן זיי פאַרשטיין, אַז דער וועג צו ווערן א שרייַבער איז אַן אומגעהויער שווערער און מי־פולער. קעדיי זייַן א גוטער שרייַבער, דאַרף מען גוט קענען דאָס לעבן און האָבן אָנגעזאַמלט אין זיך די גרויסע קולטור, וואָס די פאַרגאַנגענע דוירעס האָבן געשאַפן. לערנען זיך, לערנען זיך, לערנען זיך — דאָס דאַרף זייַן אַלעמענס דעוויז.

די אופגאַבע פון אונדזערע שרייַבער און געזעלשאַפטלעכקייט — קומען אָט די פייִקע קינדער צו הילף, אופמערקזאַם דערציִען און אויסכאָוואָן זיי.

# מאָגילנער באָרע

## א גרויסע פרייד

שפּאַנען הײַנט מיט בלומען
רייען ענג געשמידט,—
באַגעגענען די העלדן
פון גרויסן לאַגער שמידט.

פון פּאָליאַרער ווײַטעניש,
פונעם בײזן אײַז,
און פון גרויסע בערג,
וואָס זיי זיינען ווײַס.

האָבן העלדן־פּליִערס
אויך דערציילט אסאך:—
ווי געקעמפט זיי האָבן
פאַר דער גרויסער זאַך.

מע דאַרף זיך בא זיי לערנען,
לערנען מער און מער—
אזוי, ווי זיי, דאַרף קעמפן
יעדער פּיִאָנער!

ס'איז אין לאנד א פרייד הײַנט,
א פרייד פון גרויסן זיג,—
ס'זיינען די טשעליוסקינצעס
דאָ בא אונדז צוריק!

20־טער יוני, 1934.

מוישע פענס
(ווינניצע)

# דער אָפּרו איז אוועקגעגאַנ

דער אָפּרו איז אוועקגעגאַנ,
דער אָפּרו איז אוועקגעגאַנ,
נאָר מיט גײַע קרעפטנ איז
דער קערפּער אונדזער פול.
אונ איצטער — צו דער פּאַרטע צו,
צו פּאַרטע אונ צום ביכל צו,
אונ איצטער — אינ דער שול אַרײַנ,
אינ שול אַרײַנ, אינ שול!

מיר זאַרפנ איצט מיט קענטעניש
די מויכעס אונדז באַפרוכפּערנ,
קענענ מאַטעמאַטיק אונ
לערנענ גוט זיך שפּראַך,
ווײַל לערנענ זיך אונ אַרבעטנ
האט לענינ דאָך געבאָטנ אונדז,
ווײַל אַרבעטנ אונ לערנענ זיך —
אָט דאס איז אונדזער זאַך.

דער אָפּרו איז אוועקגעגאַנ,
דער אָפּרו איז אוועקגעגאַנ,
און מונטערע און פריידיקע
איצט נאָכאַמאָל אינ שול,
און נאָכאַמאָל צו פּאַרטע איצט
און נאָכאַמאָל צום ביכל צו,
אינ שול אַרייַנ, אינ שול אַרייַנ
אַלע מיטאַמאָל!

## גאָלדענבערג
(קאָלאָניע דאָבראָיע)

# געוועט

— מאַמע, גו שוינ, מאַמע, גיכער
גיב דאס עסנ, גיב די ביכער.
— וואָס איז, מאָטיק, הײַנט מיט דיר,
ביסט הײַנט אופגעשטאנענ פריִער

און דו ביסט אזוי אינקאַס —
פלעגסט דאָך ליגנ נאָך אינ בעט?!.
— ווײַל ס׳האט, מאַמע, אונדזער קלאַס
הײַנט דערקלערט א סאָצגעוועט.

ה. קויפמאַן

# קראָליקעס

פריילעך איז הײַנט
אין דער שול,
לעבעדיק מעכײַע —
מע האט געבראכט הײַנט
אין קאָלווירט
א באַשעפעניש א נײַע.

גיט דאס גלעקל
נאָר א קלונג —
אין קאָרידאָר ווערט ראַשיק,
לויפט ארײַנעט
מיט א גרוס
דער קלײנינקער אַבראַשיק:

— כעוורע יאָטן,
לויפט אין הויף,
גיכער גייט באטראכטן!
מע האט געבראכט

פֿאַר דעם קאָלווירט
קראָליקעס א מאַכנע.

ר־נגל'ען יאַטן
דאָרט אַרום
א נידעריקן וואָגן,
קוקן כעוורע,
שמייכלען כעוורע,
וויל יעדער עפּעס זאָגן.

— מאָטיק, שייַקע!
קומט אַהער,
גיכער, ג־כער, יאַטן!
נעמט באַטראַכט נאָר
יענעם קראָליק־
הינטער יענע גראַטן,



מאָלקאָר — באָנדאר. קראָליקעס

נעמט אַבראַשיק
פֿון זײַן פּרישטיק
און דערלאַנגט דעם קראָליק.
קײנער לאַכט ניט,
אַלע קוקן,
צעלאַכט האָט זיך נאָר צאַליק:

— „אײַ, דו ווײסט ניט?
דו פֿאַרשטײסט ניט?
אַ קראָליק עסט דען ברויט?
נעם דערלאַנג
אַהערצו בעסער
בורעקעס מיט קרויט,

וועכטו זען,
ווי ער וועט עסן,
הריזען דאָס געשמאַק".
לויפֿן כעוורע
ברענגען גראָזן,
בלעטער אין אַ זאַק.

קוקט די זון
אַראָפּ פֿון הימל,
שמײכלט און זי לאַכט,
האָבן קינדער
פֿרישע גראָזן
נאָך מער אָנגעבראַכט.

פרילינג ליבער,
זון און רעגן,
הימל—פרילינגדיקער דאַך,
אינעם הויף פון שול
איז פריילעך,
רויטע האָלדזטיכלעך אַסאַך.

חאַים ביידער

# אין לאַגער

1

פאָרן מיר אַף ברייטע וועגן,
אַף אַן אומבאַקאַנטן שליאַך,
גראָזן הויכע זיך באַוועגן
אַפן ברייטן, גרינעם פלאַך.

און מיר זינגען פרײַע לידער,
און מיר זײַנען פריילעך הײַנט,
ווערט די זון אונדז ליבער, ליבער,
ס'איז די זון דער בעסטער פרײַנט.

2

עט אַראָפּ די באַרג־אַלייען,
פול מיט זונען־שטראַלן, לײַכט,
שפּאַנען מיר אין גרויסע רייען
צו דעם לויטער־בלויען טײַך.

קײַקלט זיך אַ װינט אַ שטילער
אױף דעם גרינעם, גרינעם באַרג,
װערט די לופֿט שױן פֿרישער, קילער
און די מוסקולן פֿאַרשטאַרקט.

װערט אונדז גרינגער, װערט אונדז לוסטיק,
אין דעם טײַכעלע דעם בלױען,
אין דעם װאַסער זיך צעפּליוסקען —
אונדזער פֿרײד דעם טײַך פֿאַרטרױען,

שאַלן, הילכן אָפּ סיגנאַלן,
מיט די לײַבער ברױן־פֿאַרברענט
פּיִאָנערן לױפֿן, פֿאַלן,
אין די זוניק־ברױנע הענט.

## יעכיל קעסלבּרענער
(המס״נ)

# ליזשעס מייַנע ליזשעס!

— ליזשעס מייַנע ליזשעס
פֿאָר איך מיר אַפֿ זיי!
ליזשעס מייַנע ליזשעס
גלאַטינקע ווי שניי!

שנייען מייַנע שנייען,
און דו מייַן ווייַסער טייַך!
שנייען מייַנע שנייען—
גליטש איך מיך אַפֿ אייַך!

ליזשעס מייַנע ליזשעס
ווער הערט זי דען, די קעלט!
ליזשעס מייַנע ליזשעס
פֿירט מיך אין דער וועלט!

ס׳איז מייַן וועלט אַ ברייטע,
נאָך ברייטער וועט זי זיין,
איך וועל צוגאַסט נאָך קומען
אין רויטער שטאָט שאַנכייַ!

מיט בערלינער קינדער,
מיט א „קימײ״ אין לאַץ,
איך װעל זיך נאָך א גליטש טאָן
אױפֿן רױטן װעדינג־פּלאַץ!

ל. ציטרינ
(ניקאָלײַעװ)

# א שניי-מענטשעלע

הײ, הײ, הײ!
זעט, ס'אַ טיפֿער, טיפֿער שניי!
דער שניי איז װײַס, דער שניי איז קלאָר,
לױפֿנ יאַטעלעכ א פּאָר.

הײ, הײ, הײ!
מאַכ א מענטשעלע פֿונ שניי!
גיכער, גיכער, גראָבנ קאָפּ.—
פֿאַר א היטל ברענג א טאָפּ.

הײ, הײ, הײ!
דער שניי, ער פֿאַלט,
דער שניי, ער גײט,
אונ דער מענטש איז אָט־אָ באַלד
אינגאַנצנ גרײט!

מיכל פרוזשאַנסקי
(יארישעוו)

# אַ[illegible] [illegible]ליטש

שליטנס ברייטע, שליטנס לאַנגע
לאָזן זיך פון בארג־אראָפּ.
ניט געלאָפן, ניט געשפּרינגען,
וועסט צעזעצן זיך דעם קאָפּ.

ס׳האט א גרויסער שניי געשאָטן,
מיט א גרויסער דעק פאַרדעקט.
זוכן כעוורע ווו זיך גליטשן—
ניט קיין אָנהויב, ניט קיין עק.



מאָלער—יאַנאָווסקי מישע. אם גליטשערס

פליסטו ווי א גרויסער פויגל
אַפּנ גלייַכנ־שיינעמ גליטש,
ניט געשרעקט זיכ, יאַטל פלינקער,
אָנ געשרייענ, אָנ א קוויטש...

פאַלסטו איינ מאָל, פאַלסטו צוויי מאָל
אונ דערנאָכדעמ פאָרסטו פריַי,
אונ דו פליסט שוינ מיט די גליטשערס
ווי א שטאָטישער טראַמוויַי.

## הערשל איכלאָנ

(קאָפּייגאָראָד)

# פאַלנ שנייענ

ווינטנ, ווינטנ, ווינטנ ווייענ,
פאַלנ ווייַסע, גרינגע שנייענ,
פאַלנ קרומ אונ פאַלנ גלייַכ,
מאַכנ בריקנ אַפנ טייַכ.

טו איכ אָנ מייַנ וואַרעמ היטל
אונ א כאַפּ דאס קליינע שליטל.
הענט געזונטע, פעסט אונ שטאַרק:
— העי, א וועג, איכ לויפ צומ בארג.

לויפנ יאַטנ, לויפנ קינדער,
רייצנ זיכ מיט בייזנ ווינטער:
— פעטער שנייער, בעזעמ־באָרד
אפ די ווייַסע שליטנס פאָרט.

הייַדא, יאַטנ, אינ פאַרמעסטונג,
וועמענס שליטלענ פליִענ בעסער,
ווער וועט גיכער גליטשנ זיכ.—
— איכ, איכ, איכ, איכ!

פּ. יאַנאָווסקי
(זשיטאָמיר)

# אַפֿן באַרג

איז דער פֿראָסט אַזוי גרײַז, איז דער פֿראָסט אַזוי גראָ,
און שנייעלע פֿאַלט זיך שוין עטלעכע שאָ.

די פֿערדעלעך לויפֿן און פֿליִען גאַלאָפּ,
ווער צום באַרג, ווער צום טײַך — ווער אַרויף, ווער אַראָפּ.

גייען מיר אַלע אַצינד צו דעם באַרג,
צו דעם שנייִקן פֿעלד, ווײַל די שטאָט איז אונדז קאַרג.

איז שטאַרקער דער פֿראָסט, איז הייסער דאָס בלוט,
איז גלאַטער דער פֿראָסט, פֿאַרט ס׳שליטעלע גוט.

## כ. גורעוויטש

(ווייַסרוסלאַנד)

# נאָענט, נאָענט איז די צייַט שוין...

גיכער, כעוורע, איינס, צוויי,
אויסגעפאַלן איז א שניי.
שנעלער, כעוורע, בייַט די טריט —
די גאנצע ערד איז שניי צעבליט.

יונג זייַנען מיר, שיין און פריש,
גרינג זייַנען אונדזערע פיס,
איז פאַר אונדז אזא מין פרייד,
ווען עס פאַלט ארויס א שניי.

נאָר אין אויסלאַנד קינדער בלאַסע,
וועלכע וויינען אף די גאַסן,
וויינען, ווען עס שיט א שניי:
— ס'איז ניטאָ אין וואָס צו גיין...
ניט קיין שיך און ניט קיין מאַנטל,
ס'זייַנען ארבעטלאָז די טאַטעס.

נאָר מיר שרייַען אייַך פונוווייַטן:
— נאָענט, נאָענט איז די צייַט שוין!

אויפגייך וועט דער רויטער שטערן —
פריי און גליקלעך וועט איר ווערן!

און מיט שנייען, וועלכע פאַלן,
וועלן דאָן זיך פרייען אַלע!
מונטער, כעוורע — איינס, צוויי,
אויסגעפאַלן איז א שניי!



מאַלקאָר — יעטע קוויטקאָ. (פּ־טע כאַרקאָווער יידישע שול)

פון יענער זײט גרענעץ. אן ארבעטלאָזיקע פרוי.

א. שוסטער

# זומער לויפט אנטקעגנ

ס'אראַ צײַט געקומענ —
איבער אלע וועגנ
לויפט צו אונדז דער זומער,
לויפט צו אונדז אַנטקעגנ.

פונ דער זונ דער הייסער
אפ דער ערד געקומענ,—
אָט דער יאָנטעוו גרויסער,
אָט דער שיינער זומער.

אלע יאַטנ, קינדער
איז די צײַט געפעלנ,
פאָרנ איצט אינ לאַגער,
פאָרנ פּיאָנערנ.

אלע יאַטנ לויפנ
איבער גרינע וועגנ,
לויפנ פונ די הויפנ
צו דעמ טײַכ אַנטקעגנ.

מיטן קאָפּ אין וואַסער
אַלע יאַטן שפּרינגען,
און דערנאָכדעם—נאַסע,
פריילעכע זיי זינגען.

סאָדן גרינע רופן,
בוימער הויכע ברומען:
— „איר זאָלט ניט פאַרגעסן
צוגעסט צו אונדז צו קומען"!

איבער באַרג און טאָלן
מ'הערט דעם זומער קוועלן:
— „שילער, פּיאָנערן,
איך בין אייַך געפעלן?

נוצט מיך אויס אין בעסטן,
איר זאָלט גוט זיך פילן"!
קומט זשע זיך פאַרמעסטן—
ווער וועט בעסער שפּילן!

## קאָנער
(בערדיטשעוו)

# זומער-רעגן

ציִען, יאָגן וואָלקנדלעך
אין דער בלויער הויך,

גרויסינקע און קלייניניקע,
דינינקע, ווי רויך.

באַגעגענען זיך וואָלקנדלעך,
ווערן זיי אַסאַך,

א בלישטשע טוט מיט פערעלעך
אף שטיבעלע דער דאַך.

פליִען טראָפּנס קלייניניקע,
קוים מע זעט זיי אָן,

שפּעטער אָבער, גרעסערע,—
דער רעגן הויבט זיך אָן.

א רעגן, אוי, א מאַבל גאָר,
צו גיסן ווערט ניט מיד,

ווי שרויטעלעך אין רינוועלעך
קלאַפּט ער אויס זיין ליד.

הערט נאָר אוף דער רעגן גיין—
טוט א שייַן די זון,

יעט מען קליינע קינדערלעך
לויפן דאָ אַרום.

שוועבן פּיסלעך באָרוועסע
אין קאַליוזשעס אָן שיר,

לאָזן איבער וואַסערלעך
שיפלעך פון פּאַפּיר.

שווימען קליינע שיפעלעך,
קערן זיך און פאַלן,

קוועלן קליינע קינדערלעך
און פענעמלעך זיי שטראַלן.

## מוישע פענס

(וויניצע)

# מײַן פערדל

גערקומען צו פֿאָרן פֿון שטאָט איז דער טאַטע,
געבראַכט מיר צו פֿירן אַ פערדל אַ כוואַטל.

דאס פערדל געשטאַנען לעבן מײַן בעטל
מיט קײַלעכיקע רעדלעך, וואס דרייען זיך אין ברעטל,

בין איך געשטאַנען, דאָס פערדל באַטראַכט
און וועגן אַ לעבעדיק פערדל געטראַכט.

דאס פערדל איז געווען זייער אַ שיינס,
דערצו איז דאס געווען ניט זייער קיין קליינס.

מיט ווייכן זאָטל, די גריווע צעפּאַטלט.
אַ פערדל אַ פריילעכס, אַ פערדל אַ כוואַטל.

איך זעץ זיך אַף ווייכן זאָטל אַנידער,
נאָר פערדעלע קליין איז און קערט זיך באַלד איבער.

האָב איך געפּאַקט עס און האָב עס געשמיסן,
און האָב דאָס שיינינקע זאָטל צעריסן.

נעמט מיך באַלד אָן אַ גרויסער געוויין
דערפֿאַר, ווײַל דאָס פֿערדעלע קאָן שוין ניט שטיין.

כאַפּ איך זיך אויף פֿונעם אָרט און איך לויף:
— טאַטע, אָן עמעצנס פֿערדל מיר קויף!
אָן עמעצנס פֿערדל, אָן עמעצנס פֿערד,
איך זאָל קאָנען אַרומפֿאָרן איבער דער ערד.
לויפֿן זאָל איך קענען מיט דעם אין גאַלאָפּ
באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.



מאָלער — יעטע קוויטקאָ. אילוסטראַציע צו שאָלעם־אַלייכעמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס". פּעסי די גראָבע ווײַזט מאָטלען, ווו סע שטייט דאָס וואַסער פֿאַרן קוואַס. אנשטאָט וואַסער האָט ער גענומען מילניקעס

ש. פעוונער

# טרײַבט די שעדיקער!

קריכנ שעדיקער אַרײַנ
אינ קאָלווירט, זאַוואָד, פאַבריק,
שטערנ אָפנ אונ פאַרשטעלט,
שטערנ בלוטיק אונ געשיקט.

פּיאָנערנ, שאַרפט דעמ בליק
באַמ פאַרזײ אונ באַ דעמ שניט,
אינ קאָלווירט, זאַוואָד, פאַבריק —
אונדזער שנעלנ וווּקס פאַרהיט!

פאַרמוסקולט אײַער שטײַפע האַנט,
אַפ אַ קריג אונ אַפ אַ שלאַכט!
טרײַבט דעמ סוינע פונעמ לאַנד!
פּיאָנעריע, שטענדיק וואַכ!

פיניע סערדצע

# כ׳יאָג מײַן טראַקטער

ס׳האָט דער ווינטער זיך מיט אונדז צעשיידט,
און גרויע פעלדער ליגן ווי פאַרמאַטערט.
נאָר מיר האָבן שוין מיט אימפּעטיקער פרייד
פעלד נאָך פעלד ביז פּעטן גרונט צעאַקערט.

איז מײַן טראַקטער אויסגעפּאַרבט און ניי...
טאָג און נאַכט זײַן גליזיק האַרץ עס אַרבעט.
גלוסט זיך מיר איצט קוקן אינדערווײַט —
ווי כ׳וואָלט געזען א פולן פעלד מיט גאַרבן.

ס׳איז מײַן קאָלווירטן־היימ ארויס אין פעלד
פאַרזייען קערנדלעך, וואס מיר האָבן געריייניקט,
כ׳יאָג מײַן טראַקטער איצט באַטאָג, באַנאַכט,
און ס׳דוכט מיר אויס, אז ס׳איז מיר אַלץ נאָך ווייניק.

מ. אָסטראָמאָגילסקי
(קרים)

# צום שניט

קוועלן זאַנגען, שטילע זאַנגען־
איבער ווײַטן פֿונעם סטעפּ.
הילכן קלאַנגען איבער זאַנגען,
איבער כוואַליעס פֿונעם סטעפּ.

אַזאַ לויטערער באַגינען
איז מיט העלקייט הײַנט צעבליט,
העלע שטאָלענע מאַשינען
זינגען לידער וועגן שניט.

הייסע זון און הייסע ווײַטן
און פֿאַרברענט איז לײַב און הויט.
נײַע לידער, נײַע צײַטן,
נײַע לידער וועגן ברויט.

# קווייטעלעך

כעוורע, יאַטן, יינגעלעך,
כעוורע, יאַטן, הערט:
כ'האָב פאַרזייט אַ בייטעלע
אַף דער שוואַרצער ערד.

אוי, איז דאָס אַ בייטעלע,
אַ בייטעלע—אַ פעלד,
וואַקסן אַף אים קווייטעלעך
די שענסטע אין דער וועלט.

ווי איך קום פון שול צו גיין,
לויף איך צו מײַן בייטעלע
אַרומיעטן, אַרומגיסן,
זאָל בליִען יעדער קווייטעלע!

מיכל פּרוזשאַנסקי
(יארישעוו)

# דער פרילינג שפּאַנט

דער פרילינג שפּאַנט
מיט זון און פרייד,
מיט שטראַלן פריילעכע
ער גייט!

מיט שיינע פויגלען,
מיט שיינע בלומען,
אַ גאַסט אַ פריילעכער וועט קומען.

גיט קיין פרעסט
און ניט קיין שניי,
ס'שפּאַנט דער גאַסט
דער סאָלאָוויי.

ער פליט צו אונדז
מיט העל געזאַנג,
פון ווידערקאָל
מע הערט זיין קלאַנג.

איך הער, איך הער,
דער פרילינג שפּאַנט!
ער טראָגט אונדז שיינקייט
אין זײַן האַנט.

ער לויפֿט און שפּאַנט
און טוט זיך יאָגן —
ער פֿירט די געסט
אַ פֿולן וואָגן.

ל. ליבאָוו
(דניעפּראָפּעטראָווסק)

# אונדזער פרײַנט—דעם פויגל

און די זון די ערד באַשײַנט,
פרייען קינדערלעך זיך היינט,
אונדזער פרײַנט דעם בעסטן
בויען כעווריע נעסטן.

פויגל היטן וועלן בוים
פונעם וואָרעם, פונעם פרעסער,
בוים וועט רייניקן די לופט,
בוים וועט וואַקסן גרעסער.

פרוכטן וועלן זײַן אַסאַך,
פולגעפּאַקטע קאַרשן,
גאַנצע קוישן, גאַנצע זעק —
וועט זײַן דאָ וואָס צו נאַשן...

ליאָווע סטרעלניצקי
(קראסנע)

# פרילינג, מעגסט שוין קומען

סהילכן שוין די ווייעלקעס
און סע שפּילט דער ווינט,
האָבער, גערשטן, פּראָסע
רייניקט מען אַצינד.

האַרבסט איז שוין אײַנדרויסן.
נאָר סע בריט די מי,
בויט מען דאָ שפּײַכלערס,
שטאַלן פאַר די פי.

סוואַרט דאָס פעלד, צעאַקערט
אין דער לענג און ברייט.
פרילינג, מעגסט שוין קומען,
שוין, מיר זײַנען גרייט!

ל. מילמאַן

*За нашими трудностями*
*скрываются классовые враги*
*СТАЛИН И.*

## פײַנט

יעדער שטיינ, יעדער ציגל אונ קוימענ,
יעדער צעכ, יעדער אײַזערנער שטיפט—
פאר אײַכ, פאַר די וועלפ אונ בורזשויעס,
איז אַ ברענענדיק שעדלעכער גיפט.

איר קוקט מיט צווײ אָפענע אויגנ,
אז אַ ציגל זאָל פאַלנ אַפ דר׳ערד.
נאָר אײַכ וועט די האנט נאָכ דערגרייכנ —
אַראָפּווישנ אײַכ פונ דער ערד...

9־1—31

אַרל כיביטש

# ביסט שטענדיק גרייט!

באַ אַרבעט אין שאַכטעס,
אין פעלד, אין זאַוואָד,—
שטענדיק ביסט גרייט
מיט דײַנ זיכערנ טראָט.

אינ קאַמפ מיטנ סוינע
באַם היטנ דאָס לאַנד,
שטענדיק ביסט גרייט
מיט דער שווערד אין דער האַנט.

פעלדער אַפ שטרעקעס
מיט ברויטנ פאַרזייט —
היי, קאָמסאָמאָל,
שטענדיק זײַ גרייט!

ב. שויכעט
(מאָלעוו־פּאָדאָלסק)

# מיר בויען

מיר בויען און בויען און וווּנדער באַווייַזן,
מיר בויען זאַוואָדן פון שטאָל און פון אײַזן,
זאַוואָדן ווי העלדן, זאַוואָדן ווי ריזן,
זאַוואָדן, וואס היטן די אייגענע ערד.

ס'וועלן זאַוואָדן באַשיצן ווי שפּיזן,
ס'וועלן פאַבריקן באַשיצן ווי שווערד.
מיר בויען און בויען און וווּנדער באַווייַזן,
מיר בויען זאַוואָדן פון שטאָל און פון אײַזן.

## הערשל וויגאָדנער

# אין זאַוואָד

ציטערן די ווענט,
דרייען זיך מאַשינען,
גרינג זיינען די הענט
אין פּראַקטיקן באַגינען.

שמעקט פון זיי די מי,
שמעקט פון זיי אַ פײַער,
אַלעמען איז ליב,
אַלעמען איז טײַער...

אַרבעט מען געשווינד,
לויפן דאָ די שטאַנגען
און אַ פרייד צערינט
אין מונטערע געזאַנגען.

## ליאָווע סטרעלניצקי

# בריגאַדירן, יאַטן

ניט קיין בוימער גרינע
זיך הוידען אין דער הויך —
ס׳גליִען העלע אויוונס,
קוימענס שיטן רויך.

רוישן די מאַשינעס,
טרײַבן ראָד נאָך ראָד,
מיר גייען אַ בריגאַדע
אין מעטאַל־זאַוואָד.

בריגאַדירן, יאַטן, —
ס׳איז דאָ וויל און נײַ,
אלע בײַ ווערקשטאַטן
אַרבעטן געטרײַ.

מוטערקעס און שרויפן
שנײַדט מען און מע שליפט,
אַזאַ קראַפט אַ גרויסע
אין מײַן האַרצן טריפט.

מוישע בערקאָוויטש

(באַלטע)

# פאָנענ

איבער די שטיבער,
איבער די דעכער
רײַסנ זיכ פאָנענ
ווײַטער, אַלצ העכער.

העכער צו הימלענ
מיט וואָלקנס באַדעקטע,
ווײַטער צו לענדער
מיט בלוטנ פ רפלעקטע.

פאָנענ די רויטע,
וואס ברענענ ווי פײַער,
רופנ צו קעמפנ
פאַר וועלט פאַר אַ נײַער.

ב. טשערניאַק

# דער דניעפּער

גראָז אַפּ ברעגן,
ווילדע ברעגן,
ווילדע גראָזן,
ווילדע וועגן.

פעלדזן, פעלדזן — פול די טיפן
ניטאָ קיין וועגן פאַר די שיפן.
ס׳איז געווען מיט יאָרן לאַנג,
איצט די אַרבעט איז אין גאַנג.

פון טאָג ביז נאכט
און ביז באַגינען,
רוישן די טורבינען.

ס׳איז דער דניעפּער שוין געשפּאַנט,
מיט בעטאָן איז ער געצאמט.

... פעלדזן, פעלדזן — פול די טיפן,
ניטאָ קיין וועגן פאַר קיין שיפן,
ס׳איז געווען אַמאָל אַזוי,
איצט, אַ ריז — דער דניעפּערבוי!



מאָלקאַר — ליאָנע סעווש ד.
(שילער פון דריטער גרופע פון כארקאָווער 32-סטער שול)
ד נ י ע פ ר ע ל ס ט א נ

פּ. יאַנאָווסקי
(בירעבידזשאַן)

# מאַרש פון בירעבידזשאַנער פּיאָנערן

מעגן דיווינטן הײַנט ווייען,
מעגן הײַנט שיטן די שנייען,
אין ענגע געשלאָסענע רייען
מיר גייען,
מיר גייען,
מיר גייען!

ס'איז אונדזער ערד אַזוי רײַך,
ס'איז קוילן און אײַזן פאַראַן,
באַם ברייטן צעגאָסענעם טײַך
וועט וואַקסן בירעבידזשאַן! —

רופן מיר אונדזערע טאַטעס —
שליסן אַ נײַעם געוועט
פאַר נײַע זאַוואָדן, וואַרשטאַטן,
פאַר וועגן,
קאָלווירטן
און שטעט.

מעגן די ווינטן הײַנט וויען,
מעגן הײַנט שיטן די שנייען,
אין ענגע געשלאָסענע רייען
מיר גייען,
מיר גייען,
מיר גייען!

דאָוויד בראָמבערג
(הײַסינ)

# שטאָלענע פויגלען

ס'אַראַ יאָנטעוו איז אין דרויסן,
א געליאַרעם, א געשריי,
אַעראָפּלאַנען—דרייסטע פויגל,—
פליִען איינס נאָך איינס אין ריי.



מאָלער — זאָלאָטושקינ אבראַשע, ״מאַרש פון פּילאָטנ״

— זע נאָר, ליאָווע, אָט די פּעטליעס,
ס׳אַראַ הויכ, דו קוק נאָר, דו.
זע, ווי איינער בּאלד ער זעצט זיכ,—
אונ א מידער—זוכט ער רו.

— זע, ווי איינער מיטנ צווייטנ
זיכ פאַרמעסטנ אינ דער הויכ,
אונ אפ הימל—דעם צעשפּרייטנ,
ווו־ניט־ווו שלאָגט ווײַסער רויכ.

— שולקע זאָגט, ס׳איז „מאַסקיראָווקע״,
אָט די ווײַסע ציכנ רויכ.
— זע, ווי איינער, אָט־אָ פאַלט ער
פונ אזא מינ ווײַטער הויכ.

מ. גאַרבער
(סלאָוועטע)

# נאַפט

זינט דאס לאַנד איז רײַך מיט אוצרות,
אוצרות נאַפט פאַראַנען
אין באַקו, סע שטייען שטאָלצע,
ריזיקע פאָנטאַנען.

לויפן, לויפן טונקלע צוגן,
צוגן נאָכאַנאַנד,
נאַפט און נאַפט פאַר אונדזער בױונג,
נאַפט פאַר אונדזער לאַנד.

## דאָניע דעכטיאר

# הײַ, קאָמיוג, דו בּרויזיקער

מײַן יוגנט שטײַגט אלץ העכער, העכער
אפ רעשטאָוואַניעס פון מײַן לאַנד,
און שפּיל איז דאָ אין מי אין שווערער,
און רו און פרייד איז אויך פאַראַן...

און פרייד דרינגט דורך דאס האַרץ, דעם זינען,
איך זע דאָך מענגעס ארום זיך!
זיי לייגן ציגל פאַר דעם בּיניען,
וואס נעמט אריַן מײַן קליינע מי.

דער פרילינג איז די שוועל אריבּער,
און פון דער הויך איך גיבּ א קוק,
ווי גרויס עס איז צוזאמען לעבּן
אינעם לעניִנשן קאָמיוג.

און גאָרניט קליין איז שוין מײַן מי.
איך טראָג דאָך ציגל, איך דערלאַנג!

און ס'איז דערלויבט, פאַרטרויט אויך מיר
דער וועלט צו מעלדן מיט געזאַנג:

— היי, קאָמיוג, דו ברויזיקער,
שליס אין זיך מיך איַין!
היי, ווי שיין, ווי גרויס עס איז
דייַן א מיטגליד זייַן!

כאַרקאָוו, 5־טער אפּריל 1934 י.

## מ. מוטשניק
(ושיפּאָמיר)

# אין פאבריק

איך בין א שילער פון שול, כ׳בין געשיקט
מיט שוועסטער און ברידער אַהער אין פאבריק,
און כ׳בין שוין אַצינדער געווינט צו מאשינען,
וואס רוישן באנאכט און באטאָג און באגינען,

וואָס זינגען און וועקן און רופן און מאָנען:
ביסטו א שלאָגלער—באווייַז די סימאָנים,
און ס׳לויפט דאס געזאנג דאָ פון טירן צו טירן,
ארבעטער שטייען, די רודערס זיי פירן.

—

און פענעמער פריידיקע, שטאָלצע, צעבליטע,
מיט הענט מיט געניטע, מיט הערצער געניטע,
און כ׳קען ניט פארהאלטן דעם אָטעם פון פרייד
און כ׳גיב א געשריי פונעם הארצן: „כ׳בין גרייט!״

מ. מוטשניק
(זש׳טאָמיר)

# קיינ מאַגניטאָגאָרסק

איבער בערג אונ טאָלנ טראָגט דער צוג זיכ אײַליק,
פירט אונדז פונעמ שטעטל אינ דער גרויסער שטאָט.
טאַנצנ פאַר די אויגנ ווײַטע וויאָרסטנ, מײַלנ,
ווינקט צו אונדז פונווײַטנ שטאָלענער זאַוואָד.

ס׳האט מאַגניטאָגאָרסק דעמ גאַנצנ לאַנד באפוילנ:
ברענגענ זאָל מענ גיכ זעקס טויזנט פעסטע יאַטנ,
ס׳זאָלנ זיכ די ראַכוועסנ, נאָכ ליידיקע אונ הוילע,
אָנפולנ מיט נײַע צעכנ אונ וואַרשטאַטנ.

דאַנק איכ דיר, מײַנ צוג, מיט פרייד אינ מײַנע בליקנ
פאַר דײַנ הייסנ אומרו, פאַר דײַנ גרויסער קראַפט,
פונעמ קליינעמ שטעטל, פונ די ענגע ליקנ
האָסטו מיכ, מײַנ צוג, אינ שטאָט אַרײַנ געבראַכט.

# אינהאַלט



## שול



## שפיל



## אפ קאָלווירטישע פעלדער

## אינ די צעכנ

